ל. קוויטקאָ

# דאָס פערדל פון ביינאַכט

קינדער-לידער



„קינדער-פריינד", וואַרשע 1936

ל. קוויטקאָ

# דאָס פערדל פון ביינאַכט

לידער פאַר קינדער

צייכנונגען: ל. האַלפערן.



„קינדער־פריינד", וואַרשע 1936

## דאָס פערדל פון בײַנאַכט

גענקומען צו פאָרן
דער פאַפּאַ בײַנאַכט,
ער האָט פון דער רײַזע
אַ פערדל געבראַכט.
אַ פערדל אַזאַ מינס
ווי מאַקס האָט געוואָלט.
דער קאָפּ און די טלאָען
מיט שוואַרצן געמאָלט.
נישט פּאָשעט מיט שוואַרצן,
נאָר טאַקע לאַקירט,
און טאַקע דאָס צײַמל
מיט זילבער באַצירט.
אַזאַ מין וויל מאַקסל
שוין זייער פון לאַנג:
אָט שטייט עס, דאָס פערדל,
אַליין אויף דער באַנק
און קוקט זיך אויף מאַקסלען,
סע וואַרט און סע קוקט,
נאָר מאַקסל ווייס גאָרנישט,
ער שלאָפט און געננוג.

פאַרטאָג ערשט דערזעט ער,
צעשרײַט זיך נישט שיר:
סע, דאַכט זיך, אַ פערדל
פאַרלאָפן צו מיר!

וואָס איז עס, אַ כאָלעם
צי טאַקע אַ פערד?
ער רײַבט זיך די אויגן
און קוקט אַלץ און קלערט.

און באַלד מיט די הענטלעך
אַ פריידיקן פאַטש:
סע גאָר נישט קיין כאָלעם,
ס'אַ גאַנצער פערדאַטש!

אַראָפּ און געכאַפּט עס,
און טוט עס אַ פיר.
אַ ציטער טוט מאַקסל
בײַ יעדן זײַן ריר.

אַ קאָפּ — איז אַ קאָפּ,
און אַן עק — איז אַן עק!
באַקוקן די פיסלעך
ער לייגט זיך אַוועק.

סע גייט, אַז מע שלעפּט עס!
סע שטייט, אַז מע ווויל!
און איבּ עס צולייגן
איז, ליגט עס דאַן שטיל?

פירט מאַקסל דאָס פערדל,
די מאַמע ער וועקט,
— די מאַמע, דעם פּאַפּאַ
ער רײַסט אים די דעק.

זיי זענען פאַרשלאָפן
און ענטפערן קוים.
מע זעט נישט דאָס פערדל!
מע זעט נישט די צוים.

איז, פירט ער עס ווײַטער,
זײַן פערדעלע פירט.
און קלאַפּט מיט אַ הענטל
דעם שאָכן אין טיר.

סע ליגט נאָך דער שאָכן,
פון בעט פרעגט ער: „ווער?"
—איך וויל דיר באַווײַזן,
באַווײַזן מײַן פערד.

„איך האָב עס געזען,
מײַן טיר איז פאַרמאַכט".
— דו האָסט נישט געזען,
ס'אַ נײַעס פון בײַנאַכט!

„איך קען עס, דײַן פערדל,
איך קען עס גענוג".
—דו קענסט עס נישט, קענסט נישט,
אָט טו נאָר אַ קוק!

„איך זאָג דיר, איך קען עס,
אָט הער, אַז איך קען:
איין קאָפּ האָט דײַן פערדל".
— ווי ווייסטו עס דען?
„הער ווײַטער, דײַן פערדל
פיר פיסלעך פאַרמאָגט'!"
— פיר פיסלעך! פיר פיסלעך!
ווי ווייסטו עס, זאָג?
פאַרכידעשט איז מאַקסל,
פאַרכידעשט און קלערט:
— ער האָט נישט געזען
און קען עס, מײַן פערד?
ווי קען ער עס קענען?
אַז ס'איז גאָר בײַ מיר!
און מאַקס אַ פאַרקלערטער
קוקט שטיל-אויף דער טיר.





יאָשע טראַכט:
אַלע זאַכענישן רעדן
ס'איז אַ לאָשן דאָ בײַ יעדן.

אָט מען עפנט אויף די טיר,
טוט זי באַלד אַ סקריפּ אויף דיר:
„ריפּעט, ריפּעט, כ'האַלט נישט אויס,
רײַן, רויס!... רײַן, רויס..."

אָט מען זעצט זיך אויפן בענקל,
טוט דאָס בענקל זיך אַ קווענקל:
„גיי דיר, גיי.
גיי, נישט דריי!"

נאָר פון אַלעם רעדן שענער:
לעפל, מעסערס, שיסלען טעלער,
מיט אַ ליאַרעם, מיט אַ פרייד,
זענען אָנגעשטאָפּט מיט רייד!

נאָר דעם טאַטנס גאָפּל־מעסער
שמועסן שטיל און נישט פון עסן,

און דער מאַמעס פלינקער גאָפּל
שפּרינגט אַרומעט: „האָפּל, האָפּל,
קינדער, עסט נאָר ריין און שיין,
וועלן מיר הײַנט אין קינאָ גיין".

כאַזוערט איבער יאָשעס גאָפּל:
„קינאָ גיין — אָט אַ פרייד!"
און דער גאָפּל שטילערהייט:
„אַ, דו, יאָשע, זאָג מיר נאַשער,
פאַרן עסן זיך געוואַשן?"
טראַכט זיך יאָשע: נעמסט שוין טײַנען
מיט דעם שיינעם לאָשן דײַנעם,
מיט די לאַנגע דײַנע ציין?
און ער טוט אַ הייב דעם גאָפּל
אויף אַ שטעק אים אינעם כריין.



# קרעען און שװאַלבן

שטייט בײַ פרעמדע נעסט די קראָ
און זי שרײַט אַזױ אַראָפּ:
קראַ — קראַ!
געפּאַקט אַ נעסט!
קראַ — קראַ!
זי האַלט זיך פעסט:
איך האָב נישט געבױט,
איך האָב נישט געררימט
און כ׳האָב,
און כ׳האָב
אַ נעסט!
קראַ — קראַ!
די נעסט איז גרױס,
קראַ — קראַ!
איך טרעט נישט אָפּ!
די פיס נישט גערירט זיך
און כ׳האָב,
און כ׳האָב,
און כ׳האָב!
שעם זיך, שעם זיך, קראַקע — קראָ,

װאָס דו שרײַסט אַזױנס אַראָפּ!
און די שװאַלב,
און די שװאַלב,
אָן אַ שרײַ
בױעט שװער
איר געבײַ.
און נישט פֿױל
מיטן מױל,
מיט די פֿיס.
הין און הער,
פֿון דער ערד
צום קאַרניז.

אַרבעט שװער,
בױעט שװער,
בױעט פֿעסט,
קלעפּט פֿון לײם,
קלעפּט פֿון ערד
זיך איר נעסט!
ליבע שװאַלב, ליבע שװאַלב,
נאַ דיר פֿון מײַן פֿרישטיק האַלב!







## לעמל־נאַשער

1

איך קען אַ יינגל לעמל,
אַ פײַער נישט קיין יונג,
און רויכישע צוויי אייגלעך,
אַ גלעקעלע די צונג.

ווי קוועקזילבער די פיסלעך,
זיי שווינדלען הין און הער
נאָך גיכער ווי דאָס קעצל,
ווי ס'צאַפּעקל נאָך מער.

דאָס היטל אָן אַ דאַשעק,
דאָס מײַלכל — אָן אַ שלאָס,
סע קוואַקעט ווי אַ פרעשל
סע פלאַפּלט אָן אַ מאָס.

אַך, איז ער אַ נאַשער,
אַ ווילער פינגערלעך!
ער האָט אַ קונציק נעזל,
און דאָס האָט אַ געשמעק!

באַהאַלט פֿאַר אים זײַן מאַמע
עפּעס אויף אַן אָרט,
דערשמעקט ער באַלד און נישטערט
און געפינט עס פאָרט.

2

זומער, אַך, אַ זומער!
גערעטעניש אַ גרויס,
גאַנצע בערג מיט פרוכטן,
פולע שטאַלן אויבס.

זייער מין מען פרעגלט,
זויערס, אײַנגעמאַכטס,
קאָכט אין דאָרף, אין שטעטל,
פון פאַרטאָג ביז נאַכט.

זידן פּײַערפּאַנען,
דרויסן לעבט און ראַשט, —
אין די טעג האָט לעמל
אָך, האָט ער גענאַשט!

איינמאָל, ווען זײַן מאַמע
אויף אַרבעט איז אַוועק,
איז געבליבן לעמל,
שפּילט ער זיך, דער שנעק.

פלוימען, עפּל, ווײַנשל,
ווײַנפּערלעך און נאָך —
אײַנגעטונקט אין פרעגלעכץ
איז די גאַנצע וואָך.

קערט דאָס טישל איבער,
טענצלט אויפדערגיך,
בינדט צום בעט אַ האַנטעך,
הוידעט, הוידעט זיך.

און אויך לעמלס מאַמע
מיט אַלעם גלײַך אַזוי,
האָט זי אָפּגעפּרעגלט
אײַנגעמאַכטס אַ סלוי.

כאַפּט די קאַץ די געלע,
טוט איר אָן אַ בריל,
כאַפּט דער מאַמעס קליידל
און טאַנצט מיט קאַץ קאַדריל,

גוט פאַרמאַכט, פאַרבונדן,
אײַנגעשנורט מיט שטריק,
אים פאַררוקט אויף הרובע,
וגײַט פון לעמלס בליק.

שלעפּט אַרויס אַ קאַפּטל,
מאַכט פון דעם אַ באַל,
וואַרפט אים, ביז אויף הרובע
טוט דער באַל אַ פאַל.

ווי האָט זי באַהאַלטן!
ווער-זשע דאַרף אים דען?
ווייס פון גאָרנישט לעמל,
וואָס און ווער און ווען!

טוט אַ הייב זיך לעמל,
טוט אַ קוק, און, אוי!
שטייט דאָרט אויף דער הרובע
אײַנגעמאַכטס אַ סלוי!

כאַפּט אַ באַנק צום הרובע,
בענקל אויף דער באַנק,
בענקעלע אויף בענקל –
לעמעלע דערלאַנגט!

האָפּ און נישט געציטערט,
גרינגער פון אַ שטרוי,
זיצט ער אויף דער הרובע,
גלײַך שוין מיטן סלוי.

בינדט ער אָפּ די שטריקלעך,
ווערט פאַרשוויצט, פאַרברענט,
אינעם סלוי אַרײַן איז
גלײַך מיט ביידע הענט.

כאַפּט און לאַפּט און קוויקט זיך,
גיסט און שלינגט און לעקט,
קלעפּט זיך אים דאָס פּאָנעם,
ווערט מיט רויטס באַדעקט.

ביז סע ווערט אים נימעס,
קוקט ער שוין אין זאַפּט,
זאַפּט איז ווי אַ שפּיגל,
זעט ער זיך און גאַפּט.

קרימט זיך, דרייט די פּיסקעס,
טוט מיט מויל אַ קלונג,
שטופּט דעם קאָפּ צום שפּיגל,
אים לעקן מיט דער צונג.

3

לעמל האָט אַ כאַווער,
הייסט ער דאָדיק גרין.
יענער לייענט שוין ביכלעך,
גאָרנישט גלײַך צו אים.

קומט ער פונעם לערנען,
פאַלט אים טאַקע אײַן:
פאַרוואָס זאָל כאַווער לעמל
הײַנט אין שול נישט זײַן?

גייט אַרײַן צו לעמלען,
קיינער איז נישטאָ.
ערשט אין קיך דערהערט ער,
עמעץ איז דאָרט דאָ.

קומט אַרײַן פּאַמעלעך,
שטיל און שטיל אַזוי,
און דערזעט דאָרט לעמלען,
מיטן קאָפּ אין סלוי.

שטיקט אים אַ געלעכטער,
האַלט ער זיך קוים איַין,
פאַלט אים איַין אַ שפּיצל,
גייט ער שטיל אַריַין.

ס׳בענקעלע באַלד כאַפּט ער,
ס׳בענקל און די באַנק,
שטעלט אַוועק זיי וויַיטלעך,
שטיל און אָן אַ קלאַנג.

און אַרויס אין דרויסן,
דאָדיקל דער שנעק —
בלײַבט שוין אויף דער הרובע
לעמל פינגערלעק.

4

ווייסט פון גאָרנישט לעמל,
ווייסט אָבער די טיר,
טוט זי שטיל אַ זונג זיך,
טוט זי שטיל — אַ ריר.

שפּאַרט ער זיך ביַי ווענטלעך,
וואַרפט אַראָפּ אַ בליק:
אַך, ווי הויך! דערשראָקן
כאַפּט ער זיך צוריק.

גיט אַ כאַפּ זיך לעמל,
נעמט אים אָן אַ שרעק —
וויַיט פאַררוקט די בענקלעך
אַזש אין צווייטן עק.

כליפּ און כליפּ און כליפּעט,
און צעוויינט זיך גאָר,
און די פיַיכטע הענטלעך
אין די נאַסע האָר.

ס׳אויסגעשמירטע פּאָנעם
איַינגעקלעפּט אין זאַפּט,
רירט זיך, קרימט זיך ווײַנען,
שרעקט זיך, דרייט זיך, גאַפט.

—

וויינט אַ שאָ, אַ צווייטע
און קיין הילף נישט קיין,
נעמט ער סלוי אַרומעט,
דרעמלט שטיל זיך איַין,

דרעמלט מיטן קעפל,
אָנגעשפּאַרט אין סלוי,
כאָלעמט אַזוי לעמל
איז אים גוט אַזוי...

קומט אַרײַן אין צימער
ווידער דאָדיק גרין
און אַ כעוורע ייִנגלעך
באַלד אַרײַן נאָך אים.

מ'האַלט זיך בײַ די מײַלער
שטיל און שטיל זײַל זײַן,
בייגן זיך און קרומען,
האַלטן זיך קוים אײַן.

נעמט מען זיך פאַר הענטלעך,
שטעלט מען גלײַך זיך אויס,
פלוצים קעגן לעמלען
טאַנצט מען, שיסט מען אויס:

— לעמל, לעמל נאַשער,
האָסטו דיר אַ פּסאַק!
קוק אַראָפּ, מיר האָבן
אײַנגעמאַכטס אַ זאַק!

גיט אַ כאַפּ זיך לעמל,
ס'הערצל טוט אַ גרים,
ער טוט אַ פלי פון הרובע
און דער סלוי נאָך אים.

# פּיסקלעך — שנאָבעלעך

קאַנאַריקעס און שפּערלעך
פּיקן, פּיקן קערלעך,
פּיקערס, פּיקערס שרעקעדיקע,
שנאָבעלעך דרײַעקעדיקע,
דרײַעקעדיק און פעסט
יאָדערלעך מען פרעסט.

אין די פרישע פריִען,
פליִען שוואַלבן, פליִען,
שנאָבעלעך ברייטבייגערדיקע,
כאַפּן פליגעלעך שוועבנדיקע
אײַנצושלינגען גרייט
פליִענדיקערהייט.

די הינער און די הענער
שפּײַזן זיך נאָך שענער:
קערעלעך איז קערעלעך,
ווערעמלעך איז ווערעמלעך.
אין די מיסטן, אויף די וועגן,
פאַרן רעגן, נאָכן רעגן,
אַ שפּאַן — אַ פּיק, אַ פּיק - א שפּאַן,
קערעלעך פאַראַן,
ווערעמלעך פאַראַן!

Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem

פּרײַז 30 גראָשן דריטער יאָרגאַנג № 1. 15 PAŹDZIERNIKA 1936

# „Kinder-Frajnd"

DWUTYGODNIK Wydanie B

Adres redakcji i administracji: Warszawa 1, Miła 33 m. 24

---

## „קינדער־פרײַנד", וואַרשע
דריטער יאָרגאַנג

דעם 15-טן אָקטאָבער 1936 דערשײַנען:

ביבל. „א"

י. פּערלמאַן

## מיט א ראַקעטע אויף דער לעוואָנע

ביבל. „ב" ק. טשיקאָווסקי

## לימפּאָפּאָ

## צווייוואָכנזשורנאַל
באַנד [illegible] נומער [illegible]

באַניצט גלײַך דעם אַבאָנעמענט!

[illegible]

„Kinder-Frajnd", Warszawa
Kartoteka 60.2.

[illegible]

„Kinder Frajnd", Warszawa 1,
Miła 33.